דער מומע
רבקה מישקין און מײַן
מיט פֿרײַנדשאַפֿט
ל. באַיאָן

ל. באַיאָן

# די
# אומגעבראַכטע
# יידישע שרייבערס
# אין רוסלאַנד

די מגילת-איכה פֿון סאָוועטישן גײַסטיקן שאַפֿן

צום צוואַנציקסטן יאָרצײַט

**

פֿאַרלאַג „אַליינעניו", מעקסיקע

ה.תשל"ב — 1972

L. BAYON

*El exterminio de los escritores judíos en Rusia*

***

L. BAYON
Mazatlán 172-401
México 11, D. F.

***

ל. באַיאָן/ די אומגעבראַכטע יידישע שרייבערס

פאַרלאַג „אַליינעניו" מעקסיקע

***

גערדרוקט אין דרוקעריי מאַנועל פינטעל

מעקסיקע

***

*IMPRENTA MODERNA PINTEL, S. A.*
Dr. Garciadiego No. 28
México 7, D. F.

מײַן לעבנס־באַגלייטערין און חברטע

**פּעפּאַ** — די שותּפֿטע, דערמוטיקערין

און קריטיקערין — געהייליקט.

ל. ב.

צו די אַלטע טרויעריקסטע געדענקטעג ווי תשעה באָב, כ׳סיון, עשרה בטבת, כז בניסן און נײַנצטן אַפּריל איז צו־געקומען אַ נײַע טרויער־דאַטע פון צוועלפטן אויגוסט, ווען מיט 20 יאָר צוריק זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן קרוב דרײַ־סיק יידישע שרײַבערס, פּאָעטן און וויסנשאַפטלערס — די וויכטיקסטע קינסטלערס און שעפערס פון דער יידישער לי־טעראַטור און וויסנשאַפט פונעם שעפערישן יידנטום אין רוס־לאַנד. און אומגעבראַכט זײַנען זיי געוואָרן נישט דערפאַר, ווײַל זיי זײַנען חס־וחלילה באַגאַנגען אַ פאַרברעכן לגבי דעם סאָוועטישן רעזשים. פאַרקערט, זיי זײַנען אים געווען געטרײַ מיט לײַב און לעבן און האָבן אים געדינט מיט זייער גײַסט און מיט זייערע מעשׂים, נאָר ווײַל זיי זײַנען געווען יידן און זיי האָבן בלויז געוואָלט אויפהאַלטן די יידישע נאַציאָנאַלע פאַ־רעם פון די אידעען פון דער רעוואָלוציע, דאָס וואָס איז דערלויבט געוואָרן אַלע פעלקער פונעם גרויסן רוסלאַנד.

און ווי זאָגט דער רמבם אין זײַנע כתבים, אַז דער יע־ניקער וואָס ווערט אומגעבראַכט בלויז דערפאַר, ווײַל ער איז אַ ייד — פאַררעכענען מיר אים פאַר אַ קדוש וטהור. און זיי זײַנען טאַקע בײַ אונדז קדושים וטהורים און ווי אַזעלכע דערמאָנען מיר זיי.

מיט וואָס איז געווען אַנדערש די דערמאָנטע מאָדערנע יידישע ליטעראַטור אין ראַטן־פאַרבאַנד? ווער זײַנען געווען אירע שעפערס און בויערס און וואָס איז געווען איר השפעה אינעם יידישן לעבן? לאָמיר בלויז דערציילן וועגן דעם עט־לעכע ראָשי־פּרקים.

## — א —

פון 1920 ביז 1948 — גאַנצע 28 יאָר — איז אָנגעגאַנגען אַ שאַרפע דיסקוסיע אין דער יידישער ליטעראַטור מכוח דער דורותדיקער ירושה, טראַדיציע און דער עיקר — ווער עס איז מער ראוי איבערצונעמען די גײַסטיקע העגעמאָניע אין

דעם ייִדישן לעבן: וואַרשע, ניו־יאָרק צי גאָר מאָסקווע. איבער הויפּט האָט זיך געריסן צו דעם אויבנאָן מיט האָפּערדיקייט און פֿאַרמעסט — מאָסקווע. די גרויסע מעגלעכקייטן וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט געגעבן דער ייִדישער שעפֿערישקייט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט אַרויסגערופֿן נײַע יונגע טאַלאַנטן, וואָס האָבן געגלייבט אין זיך, אַז זיי וועלן די אַלטע וועלטן קענען איבערקערן און נײַע גײַסטיקע וועלטן שאַפֿן אויף זייערע חורבֿות. די יונגע גענעראַציע שעפֿערישע מענטשן האָבן געגלייבט, אַז זיי איז באַשערט, אַז אויף זיי האָט דער גורל אַרויפֿגעלייגט די שליחות אָנצוהייבן אַ נײַ קאַפּיטל אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אַ קאַפּיטל, וואָס וועט איבעררײַסן מיט די גײַסטיקע טראַדיציעס און אידעאַלן פֿון די אַלטע ייִדישע דורות און וואָס וועט אָנווײַזן אַ נײַע ריכטונג נישט נאָר פֿאַר זיך, נאָר אויך פֿאַר אַלע ייִדישע צענטערס פֿון דער גאָרער וועלט. און פֿאַרמאָסטן האָבן זיך גראָד די גאָר ייִנגסטע פֿון דער נײַער אויפֿגייענדיקער ליטעראַטור די איזי כאַריקס, די איציק פֿעפֿערס, די לייב קוויטקאָס, די אַהרן קושנירעוס אונטער דער אָנפֿירונג פֿון די עלטערע חבֿרים די ליטוואַקאָווס און אַנדערע. אמת, ניט אַזוי לײַכט איז עס זיי אָנגעקומען צו בויען אַלץ פֿון „בראשית”. עס זײַנען דאָרט געווען טיפֿע חבֿלי־יצירה — נישט אַלץ האָט מען געקענט אַזוי לײַכט בידים צעשטערן; נישט אַזוי גרינג האָט מען זיך געקענט אָפּזאָגן פֿון דורותדיקע ייִדישע געוווינהייטן, פֿון קולטור־טראַדיציעס, פֿון טאַטע־מאַמעס און זיידע־באָבעס גלויבנס און אידעאַלן, פֿון אַלטע אײַנגעוואָרצלטע ייִדישע מנהגים און מעשׂים טובֿים. אָבער ווען מען איז יונג און ווען אַזעלכע „ליכטיקע האָריזאָנטן” שמייכלען פֿון דער ווײַטנס און זאָגן אָן „גליק”, „פֿרײַהייט” און „גלײַכהייט” נישט נאָר פֿאַר ייִדן נאָר פֿאַר דער גאָרער וועלט — ווער וועט עס זיך אומקוקן אויף דעם צער און אומעט פֿון די טאַטעס און זיידעס און אַפֿילו אויף די אייגענע נשמה־ווייען.

מיט ציטערניש און פלאַטערניש האָט די יידישע ליטעראַ־טור אין דער גאָרער וועלט באַגלייט דעם אויפוווקס פון איר וויכטיקן צווייג אין דעם ראַטנפאַרבאַנד. מען האָט קריטיקירט אירע וועגן, מען האָט אָפּגעפרעגט אירע אידעאָלאָגישע איינ־שטעלן, ווי מע קען איבעררייסן מיט דער יידישער פאַרגאַנ־גענהייט, מיט דער גייסטיקער ירושה פון די נעענטערע און ווייטערע דורות און דאָך שאַפן עפּעס ווערטיקס, וואָס זאָל האָבן אַ באַדייט פאַר דעם היינט און פאַרן מאָרגן פונעם יידישן פאָלק. אין דער קריטיק איז אָבער געווען איינזעעניש און פאַר־שטענדעניש ווי פון עלטערע באַהאַוונטע און געניטערע ברידער צו אַ יינגערן אַ פאַרבלאָנדזשעטן. מען האָט באַנומען די ספּעציפּישע באַדינגונגען פון דעם דאָרטיקן אַלגעמיינעם יידי־שן לעבן און מען האָט פאַרשטאַנען, אַז די וועגן זיינען אַרי־בערגייענדיקע, וואָס נאָר די צייט און די ספּעציפּישע סיטואַ־ציע האָט זיי אַרויסגערופן און מען האָט געגלייבט, אַז ווי נאָר די צייט וועט זיך ענדערן און זי מוז זיך וועט די יידישע ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד דערזעען איר טעות און זי וועט זיך אומקערן צוריק אויפן ריכטיקן וועג.

אָבער זיי, די יונגע גענעראַציעס יידישע שרייבערס אין מינסק, קיעוו און מאָסקווע האָבן זיך פאַרכליניעט מיט דער נייער ווירקלעכקייט. און ווען די פּאָעטן „וואָס זייער יוגנט האָט קיינער אין זייד ניט געוויקלט און קיין צאַרטע האַנט האָט זייערע האָר קיין מאָל ניט געקרייזלט“ האָבן דערזען די גרויסע ליכטיקע פּערספּעקטיוון פאַר דער אָרעמשאַפט — האָ־בן זיי זיך צעזונגען מיט אַזאַ פרייד, האָפערדיקייט און גלויבן, אַז מען איז גרייט געווען אַוועקצוגעבן זיך אין גאַנצן, ממש זיך אויפּלייזן לטובת דער רעוואָלוציע, און במילא אויך זיך אָפּזאָגן פון דער גאַנצער כלומרשט „פאַרשימלטער“ יידישער גייסטיקער ירושה פון דורות און פון די טייערע הייליקייטן פון טאַטעס און זיידעס דורותדיקע האָרעפּאַשניקעס. און דער

**טאַלאַנטירטער צווישן זיי, דער אויפריכטיקער און באמת גליי־ביקער איזי כאַריק צעזינגט זיך מיט האָפּערדיקייט:**

„פאַרגייט, פאַרגייט, איר אומעטיקע זיידעס
מיט בערד צעשראָקענע, פאַרלאָפּענע מיט שניי...
אין לעצטן בראָך, אין לעצטן ווי
זײַט איר פאַרבליבן לעצטע זיידעס, —
פאַרגייט, פאַרגייט, איר אומעטיקע זיידעס!

אַז ווינד, אַז ווי צו אײַער גאַנצן שטעטל
צעטראָטענעם אין ווייטאָג און אין נויט...
צו יעדן הונגעריקן ביסן ברויט
האָט איר פון לאַנג געשמייכלט און געבעטלט,
אַז ווינד, אַז ווי צו אײַער גאַנצן שטעטל.

און קוקט איר איצט צעשראָקענע און מידע,
און ס׳ציטערן און ס׳טרייסלען אײַך די קני:
— „ווער ווייס, ווער ווייס אויב ס׳וועלן די,
אויב ס׳וועלן אָט די זין שוין בלייבן ייִדן?״ —
און ס׳ציטערן און ס׳טרייסלען אײַך די קני.

און מיר, אָט די, וואָס רופן אײַך נאָך זיידעס —
און ווייסן, אַז דאָס דאַרף מען שוין ניט לאַנג.
מיר גייען אויף ווי ערשטער קלאַנג,
ווי ערשטער קלאַנג פון קומענדיקע פריידן,
מיר, אָט די וואָס רופן אײַך נאָך זיידעס״.

**מען האָט אין דעם לעבן פון ייִדישן אָרעמען שטעטל געזען שפּלות, בעטלערײַ, אָרעמקייט וואָס דערדריקט און מען האָט ניט געוואָלט זען די גײַסטיקע נשמה־רײַכקייט, די ייִדישע משפּחהדיקייט, דאָס עטיש־מאָראַלישע שטייגער־לעבן, די מעשים־טובים וואָס שטעטל האָט געטראָגן אין זיך, די אחריות פון אײנעם לגבי דעם צווייטן און דער עיקר — די גרייט־**



מ ש ה   ק ו ל ב אַ ק

1 9 4 0 - 1 8 9 6

קיין אויפֿצוהאַלטן דאָס ייִדישע לעבן נישט קוקנדיק אויף אַלע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע גזירות. די יונגע גענעראַציע איז געווען גרייט צוליב מאַטעריעלע צוזאָגן אויף ווײַטער, זיך אָפּזאָגן פון אַלץ, צעשטערן אַלע הייליקייטן, ברענגען אויפֿן מזבח די אייגענע ייִדישקייט, די אייגענע גײַסטיקייט ווען אַפּילו עס וועלן — „אַט די זין זייערע טוען ניט בלײַבן קיין ייִדן"? אַלץ איז מען גרייט געווען אויפֿצוגעבן פֿאַר דעם לאָקנדיקן מיראַזשן, פֿאַר „די קלאַנגען פון די קומענדיקע פֿריידן".

— ב —

ווי ריכטיק האָט עס דעמאָלט באַנומען די געשאַפֿענע סיטואַציע אונדזער גרויסער דיכטער ה. לייוויק ע"ה. אין האַרבסט 1925 האָט ער געמאַכט זײַן ערשטע רײַזע אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און ער האָט זיך באַקענט פּערזענלעך מיט דער יונגער גרופּע ייִדישע שרײַבערס אין מינסק. ער האָט געזען צער און פֿרייד — צער פון דעם אַלטן וואָס ווערט צעשטערט און פֿרייד פון דעם נײַעם וואָס ווערט געבויט. ער האָט זיך מיט דעם אַלעמען טיף דורכגענומען און אָט וואָס ער דערציילט וועגן יענעם „בראשית". אין זײַנע אײַנדרוקן וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין דער דאָרטיקער פּרעסע, שרײַבט ער:

„... גוטער, ווילער איזי כאַריק, ליבער פּאָעט פון „מינסקער בלאָטעס"!, אויף דײַנע נאַיווע נאָך ייִנגלשע פּלייצעס נעמט מען און מע לייגט אַרויף אַזאַ גרויסע, אַזאַ שרעקלעכע משא: אַן אָנהייב פון אַ ליטעראַטור.

פּרצן דאַרף מען ניט, שלום־עליכמען אויך ניט, אַשן — אַוודאי ניט.

— די וואַרשעווער אָפּגעמעקט. די ניו־יאָרקער — אָפּגעשניטן. די ייִדישע ליטעראַטור אין רוסלאַנד דאַרף זיך אָנהייבן פון 1923 אַן ערך.

דעם פריערדיקן „כלאם“ דאַרף מען מער ניט האָבן, אָפּ־טרייסלען זיך פון אים. ירושה — שימל.

אַ ווייסע און זילבערנע לבֿנה הענגט איבערן הימל פון דער נייער יידישער פּאָעזיע אין ראַטן־רוסלאַנד. אַ ווינטערדיקער הימל. קאַלט.

שטייט דער ליבער איזי כאַריק אונטער דעם ווייסן הימל און האָט מורא אומצוקוקן זיך אויף הינטער. ער — דער אָנ־הייב.

זיינע אַקסלען נעמען צוקן. זיינע קני פּיבערן. זיינע אויגן בעטן זיך: גזלנים, ווער האָט עס אויף מיר אַרויפגעלייגט אָט די שרעקלעכע משא? ער וויל אַ קוק טאָן אויף אַהינטער און וואַגט ניט. אָפּגרונט. זיינע ליפּן חלשן אַרויסצופּליסטערן:

אָבער מע טאָר ניט. אָפּגרונט. די יידישע פּאָעזיע אין נייעם רוסלאַנד דאַרף זיך אָנהייבן פון 1923 אָן ערך. ירושה — שימל... רירנדיקער גורל פון איזי כאַריק... פון איציק פעפער“...

די פלעיאַדע יונגע דיכטער האָבן זיך געפילט אַ ביסל גע־טראָפן פון ה. לייוויקס רייד. דער אמת האָט זיי ווי געטאָן. אויך זיי האָבן דערפילט דעם טיפן צער פון דעם אַלטן יידישן לעבן וואָס פאַרגייט און וואָס זיי פאַרגיכערן ממש בידים זיין אונטערגאַנג. אָבער גרויס איז געווען דער גלויבן, אַז די רע־וואָלוציע מיינט עס ערנסט. נאָך מערער איז געווען דער גלוי־בן אין זיך, אַז זיי וועלן אַ וואונדערלעכע יידישע ליטעראַטור באַשאַפן אין זייער ראַטן־פאַרבאַנד, אַ יידישע ליטעראַטור פאַר אונדזער גאַנצן פאָלק און אַלע וועלן זיך קומען לערנען ביי זיי.

ווי אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער באַטיץ האָט דער יונ־גער איזי כאַריק אָפּגעדרוקט אין דער דאָרטיקער פּרעסע אָט אַזאַ מין האָפערדיק ליד:

„שליידערט, וואַרפט וואָס מערער לאַסטן אויף מיין קאַרק,
כ׳וועל אפשר פעסטער נאָר צונויפדריקן די ציינער.



דוד בערגעלסאָן

1952-1884

און וויפֿל איר וועט וואַרפֿן — וועל איך אַלץ זאָגן: — קאַרג!
און ווי עס זאָל ניט שווער זיין — וועל איך אַלץ שרײַען:
ווייניק!

און ווען ס׳וועט ווערן שווער... און ווי קאָן ווערן שווער?
ווען יונגע קרעפֿטן טריפֿן נאָך און טריפֿן.
ווער עס קען — זאָל ווײנען אין דער שטיל.
ווער עס האָט אַ שווײַגנדיקן דיל,
און איך — אַ האַרץ מיט זומערדיקע שויבן.
זאָל קיינער איצט ניט וואָגן אויסלעשן מײַן פֿרייד
מיט ווערטער האַרבסטיקע און שוואַרצע.
ניין, איך וויל ניט, ניין, — איך וויל ניט. ניין און ניין!
בעסער נעמט צעזעצט מיך אין אַ שטיין
איידער אויסזעצן די שויבן פֿון מײַן האַרצן.״

**די וויכטיקע יידישע שרײַבערס פֿון די צוויי אַנדערע יידי־שע צענטערס אין וואַרשע און ניו־יאָרק האָבן כּלל ניט גע־וואָלט אויסלעשן די שעפֿערישע פֿרייד פֿון די יונגע דיכטערס פֿון דעם ראַטנלאַנד. געווען אַפֿילו אַ גרופּע זייער וויכטיקע שרײַבערס פֿון דעם פֿריִערדיקן דור ווי לאַמעד שאַפּיראָ, יוסף אָפּאַטאָשו, מנחם באָריישאָ, דוד בערגעלסאָן, משה קולבאַק, מאַקס עריק און אַנדערע וואָס האָבן גאָר שטאַרק סימפּאַטי־זירט מיט דער האָפֿערדיקייט און מיט דעם טיפֿן גלויבן פֿון דער יונגער גענעראַציע אין דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד, הגם טיף אין האַרצן האָט זיי שטאַרק ווי געטאָן אויף דעם האַרטן „מידת־הדין״ פֿון דער רעוואָלוציע, וואָס פֿאַרלאַנגט טאָטאַלן אָפּ־זאָגן זיך פֿון דער קולטור־ירושה פֿון דורות. די לעצטע דרײַ — בערגעלסאָן, קולבאַק און עריק — זײַנען אַזוי פֿאַרבלענדט געוואָרן פֿון די ליכטיקע האָריזאָנטן פֿון דער רעוואָלוציע, אַז זיי האָבן אין גאַנצן איבערגעריסן מיט זייער אַלטער היים און האָבן זיך אויף שטענדיק באַזעצט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד.**

אַ סך פֿון דעם יינגערן ליטעראַרישן נאָכוווּקס אין פּוילן און אין אַמעריקע האָבן נאָך זײַענדיק אויף די טעריטאָריעס פֿון זייערע היימלענדער זיך אין גאַנצן אידענטיפֿיצירט מיט דער סאָוועטישער ליטעראַטור.

אמת, ניט אַזוי לײַכט איז אָנגעקומען די יונגע יידישע שרייבערס אין פּוילן ווי ניט לײַכט עס איז אָנגעקומען די האָפּערדיקע איזי כאַריקס און איציק פֿעפֿערס זיך אָפּצוזאָגן פֿון טאַטע־מאַמעס גלויבנס, פֿון דער שטעטלשער יידישער האַרעפּאַשנער פֿרומקייט און פֿון אירע מעשים־טובים און בפֿרט נאָך צו פֿירן „די אייגענע זיידעס צו די עקדות". אָבער ווען דער מידת הדין פֿון דער רעוואָלוציע פֿאָדערט עס, פֿאַרשטיקט מען דעם ווייטאָג אין האַרצן, מע פֿאַרשטשעמעט די ציין און מע טוט עס מיט אַ כּלומרשדיקער פֿריילעכקייט.

דערציילט טאָקע ה. לייוויק אין זײַנעם אַן עסיי אונטערן נאָמען „איזי כאַריק" אין זאַמלביכער נומער אַכט אַז:

„איין מאָל איז ער (איזי כאַריק) געקומען צו מיר אין האָטעל אַ ביסל בגילופֿנדיק. זײַן פֿײַנער קאָפּ האָר — צעשויט בערט, זײַנע גוטע לאַכנדיקע אויגן אָנגעפֿילט מיט אַ מאָדנער אַרויסרופֿערישקייט. ער האָט געבראַכט מיט זיך נײַע לידער און גענומען זיי לייענען פֿאַר מיר. דאָס זײַנען געווען לי־דער „קעגן דעם יידישן שטעטל". שורות שאַרפֿע, כמעט שיל־טנדיקע. אמת, זײַן שילטן דאָס שטעטל איז געווען באַגלייט מיט זײַן כאַראַקטעריסטישער לירישקייט און מיט דעם צווײ־שן־שורותדיקן טרויער וואָס גנבֿעט זיך אַרײַן אין אַ סך פֿון זײַנע לידער.

די לידער האָבן אַרויסגערופֿן אין מיר אַ ווייטאָגדיקע אויפֿ־רעגונג. ער האָט עס דערפֿילט. צווישן אונדז האָט זיך פֿונאַנ־דערגעוויקלט אַ הייסער וויכּוח. איך האָב אים געטאַדלט פֿאַר דער רציחה זײַנער צום שטעטל — אַ רציחה, וואָס אין תּוך — האָב איך געטענהט צו אים — איז געווענדט קעגן אונ־דזערע ערלעכע, אומשולדיקע אָרעמע פֿאָלקסמענטשן, מער נאָך

— קעגן אונדזערע אייגענע אָרעמע טאַטע־מאַמע וואָס האָבן געלעבט אין דלות און שווערער האָרעוואַניע, אָבער גײַסטיק זײַנען זיי געווען דערהויבענע מענטשן. כאַריק האָט זיך גע־עקשנט. מיט אַ מאָל איז ער צוגעפאַלן מיטן קאָפּ אַראָפּ צום טישל און זיך אויפֿן קול פֿונאַנדערגעוויינט. איך בין ניט גע־ווען געפּלעפּט דערפֿון, כ׳האָב אינסטינקטיוו דאָס דערוואַרט. איך בין געווען צופֿרידן פֿון זײַן פֿונאַנדערוויינען זיך. כ׳האָב דערפֿילט צו אים אַ באַזונדערע וואַרעמקייט, מחמת כ׳האָב דערפֿילט אין דער זעלבער צייט אַן אָנונג פֿון אַ טראַגישקייט וואָס לויערט איבער אים. אין אַ פּאָר רגעס אַרום איז ער אויפֿגעשפּרונגען איבערן טישל און האָפֿערדיק אַ זאָג געטאָן:

„— איר׳ט נאָך זען וואָס פֿאַר אַ גרויס יידיש לעבן עס וועט קומען אונדז אַנטקעגן, און וואָס פֿאַראַ וווּנדערלעכע יידי־שע ליטעראַטור מיר וועלן נאָך באַשאַפֿן אין אונדזער ראַטנ־פֿאַרבאַנד, אַ יידישע ליטעראַטור פֿאַר אונדזער גאַנצן פֿאָלק. איר׳ט נאָך זען. איר׳ט אַלע, אַלע קומען צו אונדז. מיר זײַנען אַ גרויסער אַנהייב. איר׳ט נאָך זען ווהין מיר וועלן פֿאַרגיין!"

פֿאַר דעם נײַעם גלויבן — האָט די יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור געוווּסט — מוז זי ברענגען קרבנות און זי האָט זיי געבראַכט. מען האָט מקריב געווען דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע האָב און גוטס, מען האָט דערשטיקט אַלע פּערזענלעכע און אינדיווידועלע שטימונגען, צעשטערט טראַדיציעס, געצווימט די נאַציאָנאַלע איבערלעבונגען, אָבער פֿאַר דעם „מולך" פֿון דער רעוואָלוציע איז עס געווען ווייניק. זי האָט געפֿאָדערט דעם הילול פֿון אַלע נאַציאָנאַלע און פֿאָלקס־הייליקייטן; גאָר שפּעטער האָט ער, דער גאָט פֿון דער רעוואָלוציע געפֿאָדערט געמישטע חתונות, פֿעלקער־פֿאַרברידערונג און גאָר צום סוף — פֿולשטענדיקע נאַציאָנאַלע אויפֿלייזונג.

די שווערד האָט געפֿאָכעט איבערן קאָפּ — און ניט נאָר געפֿאָכעט, נאָר פֿאַר יעדן קלענסטן חשד האָט מען געוואָרפֿן אין די תּפֿיסות, געשטעלט „צום ווענטל", געשניטן קעפּ און

די ייִדישע שרײַבערס זײַנען ממש געוואָרן אַנוסים. צו שטאַרק איז מען פֿאַרקראָכן אויף די זינדיקע וועגן פֿון דער רעוואָלו־ציע. די „טומאה" האָט געבושעוועט מיט אַ שטאַרקער האַנט. צוריקציִען זיך איז געווען אוממעגלעך און מען האָט — מער געצוווּנגענערהייט ווי מיטן גוטן ווילן — געמוזט מיטמאַכן די וועגן פֿון דעם שטן. און ניט נאָר די חיים גילדינס און די עלי גאָרדאָנס און די מ. דאַניעלס האָבן פֿאַרשוועכט די הייליקייטן און אויסגעשטרעקט בײדע הענט צו דעם שׂטן, נאָר אַפֿילו אַזעלכע טאַלאַנטירטע קינסטלערס מיט אַ וועלט־נאָמען ווי דוד בערגעלסאָן, פּרץ מאַרקיש, משה קולבאַק און מאַקס עריק זײַנען געווען געצוווּנגען מיטצומאַכן די דאָזיקע אומווירדיקע שפּיל.

מען איז געזונקען אין מ"ט שערי־טומאה, מען האָט פֿאַרשוועכט דעם אָנדענק פֿון טאַטע־מאַמע, מען האָט אויסגערעדט אַל דאָס בייז אויף דער ייִדישער טראַדיציע — און דאָך האָט מען געהאָפֿט אויף בעסערע פֿרײַערע צײַטן, ווען מע וועט זיך קענען בלב־ונפֿש אומקערן צוריק צו דער עכטער ייִדישער שעפֿערישקייט. מען האָט דערווײַל אַלץ מקריבֿ געווען, ווײַל מען האָט זיך ניט געוואָלט אָפּזאָגן פֿון די פֿירקאַנטיקע ייִדישע אותיות, מען האָט געוואָלט כאָטש ראַטעווען דאָס ייִדישע לשון; וועט זײַן אַ ייִדיש לשון, וועט מען אין דער ייִדישער פֿורעם קענען צוריק אַרײַנגיסן אַן אמתן עכטן ייִדישן אינהאַלט.

— ג —

אין די מלחמה־יאָרן 1941־1945, ווען דער ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו די מערבֿ־מלוכות האָבן זיך די פֿאַרוואָלקנטע הימלען איבערן שעפֿערישן ייִדנטום אין רוסלאַנד אַביסל אויסגעלײַטערט. דער גרויסער בראָך וואָס האָט געטראָפֿן דער וועלט, האָט פֿאַרברידערט די קעמפֿנדיקע פֿעלקער קעגן נאַציזם און מען האָט אָנגעהויבן אויך אין ראַטן־

פֿאַרבאַנד צו דערלויבן די דאָרטיקע קינסטלער צו שרײַבן אויף נאַציאָנאַלע און היסטאָרישע טעמעס; דער שרײַבער האָט זיך געקענט דערלויבן אַרויסצוברענגען זײַנע נאַציאָנאַלע און אינטימע שטימונגען, שילדערן היסטאָרישע העלדן און זיי אַפֿילו גלאָריפֿיצירן, ווײַל מען האָט דאָס גענייטיקט בכדי צו וועקן בײַ דער באַפֿעלקערונג גבֿורה, מוט און אויסדויער אין דער מלחמה מיט דעם ווילדן זיגרײַכן נאַציזם, וואָס האָט אומ־געבראַכט און חרובֿ געמאַכט אַלץ אויף זײַן וועג. אויך אין דער ייִדישער וועלט האָט מען אַ ביסל פֿרײַער אָפּגעאָטעמט. עס האָבן זיך באַוויזן אַ גאַנצע ריי דערציילונגען, לידער און פּאָעמעס וואָס האָבן מיט ווייטאָג געטרויערט איבער דעם חורבן פֿון אַזעלכע שרײַבערס ווי דער נסתּר, פּרץ מאַרקיש, דוד בערגעלסאָן, דוד האָפֿשטיין, אהרן קושניראָוו אאַז״וו. שאַפֿונ־גען אין וועלכע עס זײַנען אַרויסגעבראַכט געוואָרן ייִדישע גבֿורה, פּיעטעט צו ייִדישער היסטאָרישער העלדישקייט און צו ייִדישער טראַדיציע; עס זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן היס־טאָרישע פּאַראַלעלן פֿון דעם ווײַטן אַמאָל מיט דעם הײַנט. מען האָט זיך אויפֿגעהערט צו שעמען מיט אַזעלכע היסטאָ־רישע העלדן ווי שמשון הגיבור, יהודה המכבי און בר־כּוכבֿא; רבי עקיבֿא, ישעיה און עמוס. פֿאַרקערט, מע האָט זיי מיט טיי־פֿער אָכפּערונג צוריק אַרײַנגעפֿירט אין דער ייִדישער ליטע־ראַטור און מען האָט גלײַכצײַטיק אויך אַרײַנגעפֿירט באַגריפֿן פֿון דער ייִדישער טראַדיציע ווי קידוש־השם, ספֿר־תּורה, קדיש, יאָרצײַטליכט ווי סימבאָלן פֿון הייליקייט. מען האָט זיי שוין מער ניט פּראָפּאַנירט ווי אַ מאָל, נאָר גאָר גלאָרי־פֿיצירט און אַפֿילו אַזאַ הונדערט־פּראָצענטיקער סאָוועטישער דיכטער ווי איציק פֿעפֿער, וואָס איז שטענדיק פֿאַרויסגעלאָפֿן די „פּאַרטיי־ליניע״ און האָט זיך אין גאַנצן געלאָזט אויפֿלייזן אין די פּראָצעסן פֿון דער רעוואָלוציע — האָט זיך אויך האָ־פֿערדיק צעזונגען: „איך בין אַ ייִד!״.

„דער ווײַן פֿון דורותדיקן דויער
האָט מיך געשטאַרקט אין וואַנדערוועג,
די בייזע שווערד פֿון פּײַן און טרויער
קאָן ניט פֿאַרניכטן מײַן פֿאַרמעג —
מײַן פֿאָלק, מײַן גלויבן און מײַן בליען,
זי האָט מײַן פֿרײַהייט ניט געשמידט.
אונטער דער שווערד האָב איך געשריען:
איך בין אַ ייִד!

ניט פּרעהס שלעק, ניט טיטוס, חמן
האָבן צעברעכן אים געקענט,
מײַן שטאָלץ, געמיט. עס טראָגט מײַן נאָמען
די אייביקייט אויף אירע הענט.
מײַן שווונג איז קלענער ניט געוואָרן
אויף שוואַרצע שײַטערס פֿון מאַדריד.
עס שאַלט מײַן רום דורך צײַט און יאָרן:
איך בין אַ ייִד!

דער קלוגער קנייטש פֿון ר׳ עקיבֿא,
די חכמה פֿון ישעיהס וואָרט
האָבן גענערט פֿון מײַן דאָרשט — מײַן ליבע
און זי מיט האַס צונויפֿגעפּאָרט;
דער שווונג פֿון מאַקאַבייער העלדן
אין מורדים־בלוט אין מײַנעם זידט.
פֿון אַלע שײַטערס פֿלעג איך מעלדן:
איך בין אַ ייִד!

.... און אויף צעפּיקעניש די שׂונאים,
וואָס גרייטן קבֿרים שוין פֿאַר מיר,
וועל איך אונטער די רויטע פֿאָנען
נאָך האָבן נחת אָן אַ שיעור.
כ׳וועל מײַנע גערטנער פֿאַרפֿלאַנצן

און פון מײַן גורל זײַן דער שמיד,
כ׳וועל נאָך אויף היטלערס קבר טאַנצן:
איך בין אַ ייִד!

**פאַרבאָרגענע בענקשאַפטן צו טרינקען דעם „ווײַן פון דור־רותדיקן דויער״, וואָס זאָל שטאַרקן דאָס ייִדישע פאָלק אין דער תקופה פון נאָך דעם נײַעם דריטן חורבן האָבן זיך דער־וועקט. עס באַווײַזן זיך שאַפונגען ווו עס ווערט בולטער דאָס אייגנאַרטיקע ייִדישע. עס רעדן זיך איבער דורות אין דער סאָוועטיש־ייִדישער ליטעראַטור אין אַזעלכע ווערק ווי פּרץ מאַרקישעס** מלחמה, **דעם נסתּרס** — דער זיידע מיטן אייניקל, **דוד בערגעלסאָנס דראַמע** — דוד הראובני, **שמואל האַלקינס** בר־כּוכבא **אַאַז״וו. עס ווײַזט זיך אויס, אַז עס קומט אויף צו־ריק אַ נײַע בלי־תּקופה אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין ראַטן־פאַרבאַנד.**

**אין אַ בריוו פונעם 19טן אויגוסט 1945, שרײַבט פּרץ מאַר־קיש צו י. אָפּאַטאָשו קיין ניו־יאָרק:**

**...„איצטער דאַרף קומען אַ וואָרט פון אונדזער ליטעראַ־טור, נישט נאָר אַ באַשרײַבנדיקס, נאָר אַ באַזינגעוודיקס. און אויף דעם וועט געפּרוווט ווערן דער גײַסט פון אונדזער אומ־גליקלעכן פאָלק. דאָס בלוט פון זעקס מיליאָן קדושים דאַרף אַ געשריי טאָן נישט דורכן מויל פון יוליאַן טובים, וואָס האָט זיך געשפּײַזט מיט אַנעקדאָטן וועגן ייִדן און וואָס אַ זעקס־מיליאָניקער קבר האָט אים דערמאָנט, אַז ער האָט אַ שײַכות צום ייִדישן פאָלק.**

**זײַן ייִדיש־קאַטוילישע מיסטיק איז אַ פאַרשפּעטיקטער אתּה־בחרתּנו׳איזם און ניט קיין דערקענטעניש.**

**אונדזער ליטעראַטור וועט דאַרפן איצטער אונטערפירן אַ סך־הכּל אויף דאָס נײַ, איבערשאַצן דעם באַגריף „קידוש־השם״ ווי אַן אייביקע נאַציאָנאַלע קאַטעגאָריע, וואָס האָט פאַקטיש געהאָלפן און פאַרלײַכטערט דעם פאַשיזם אומצוברענ־**

געז ס׳פֿאָלק. אין דער איצטיקער מלחמה איז געבוירן געוואָרן דער ייִדישער שלאַכטמאַן, דער ייִדישער פּאַרטיזאַן, וואָס האָט אויסגעבלוטיקט דאָס רעכט אויף איבערצושאַצן „פּרצעס מתּנות״.

די דאָזיקע דערלײַכטערונגען האָבן אָבער לאַנג ניט געדויערט. ווי נאָר עס קומען אָן די ערשטע גוטע בשׂורות פֿון נצחון, קומט אָן נאָך אַ שווערער דרוק אויף דער שאַפֿונג פֿון דעם אכזריותדיקן סטאַליניזם. אַ נײַע גזרה, מע טאָר שוין ניט אויסטיילן קיין ייִדישן העלד, מע טאָר שוין ניט דערציילן וועגן די פּײַנען פֿון ייִדישן פֿאָלק... אַלץ דאַרף ווערן צוגעשריבן צו דעם סאָוועטישן מענטש. דער רעזשים הייסט פֿאַרשווײַגן די פֿאַרברעכנס פֿון דעם סאָוועטישן מענטשן וואָס איז מיטגעשלעפּט געוואָרן מיטן נאַצישן אַנטיסעמיטיזם; מען הייסט שרײַבן וועגן נצחונות, וועגן בויונג, הגם דאָס האַרץ ווייטאָגט נאָך און קען צו זיך ניט קומען פֿון דעם אכזריות־דיקן חורבן.

פּײַנלעך שווער איז דעם ייִדישן שעפֿערישן מענטשן נאָך דער היטלער־וואַקכאַנאַליע. דער היטלער־סם האָט זיך פֿאַרשפּרייט צווישן גרויסע טיילן פֿון דער סאָוועטישער באַפֿעלקערונג און אַפֿילו צווישן די פֿירנדיקע מענטשן פֿון דער רעגירונג און פּאַרטיי. דער ייִדישער שרײַבער, דער עד־ראיה, וויל דערציילן און אויסשרײַען פֿאַר דער וועלט די אַנטיסעמיטישע אַכזריותן, דעם ייִדישן פּײַן — דער רעזשים פֿון רשעות לאָזט עס ניט — עס איז ניט אויף דער ליניע; מע צווינגט די ייִדישע שרײַבערס צו דערציילן גאָר וועגן פֿעלקער־ברידערשאַפֿט, וועגן דער ניט־געשטויגענער פֿרײַנדשאַפֿט וואָס האָט געהערשט צווישן די סאָוועטישע פֿעלקערשאַפֿטן אין די קאַמפּס־רייען אויף די פּאָזיציעס און אין דער פּאַרטיזאַנקע; מע מוז אויפֿבלאָזן — אָדער גאָר אויסטראַכטן — פֿאַלן פֿון מענטשלעכקייט בײַ רוסן, אוקראַיִנער, ליטווינער, כּדי צו ווײַזן דער

וועלט וויפֿל „חסידי אומות העולם״ זײַנען פֿאַראַן בײַ דעם קאָמוניסטישן רעזשים.

איז דאָס נאָך ווייניק. באַשליסט די סאָוועטישע הערשאַפֿט, אַז מע דאַרף לגמרי פּטור ווערן פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַ־לער אייגנאַרטיקייט און מע הייסט ייִדישע שרײַבער אַליין צוגרייטן די אַליין־ליקווידאַציע, גראָבן אַליין די קבֿרים פֿאַר דעם גײַסטיקן גענאָסיד. ייִדישע שרײַבער מוזן אַליין אַגיטירן פֿאַר ביליקער שפּראַכן־ און זיטן־אַסימילאַציע, פֿאַר געמישטע חתונות צווישן ייִדן און ניט־ייִדן, פֿאַר כּלומרשטן שמד און פֿעלקער־פֿאַרברידערונג.

אַ ביבליאָגראַפֿיע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור פֿאַר די יאָרן 1918־1948 צוגעגרייט געוואָרן פֿון מ. פֿלאַקסער און א. פֿאָמעראַנץ ווײַזט אָן אויף אָן ערך פֿון זיבן טויזנט אייגנסן פֿון ביכער און פּעריאָדישע אויסגאַבעס פֿון אַרום 800 ייִדישע שרײַ־בערס אין צוועלף אָפּטיילן ווי: ביבליאָגראַפֿיע, קינסטלערישע ליטעראַטור, קינדער־ליטעראַטור, פֿאָלקלאָר, קריטיק, פֿילאָלאָ־גיע, פּעדאַגאָגיק, פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע, סאָציאַל־פּאָליטי־שע א״א. און דאָס איז בלויז געווען עפּעס מערער ווי זיבעציק פּראָצענט פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער דרוק־פּאָזיציע.

די ביכער זײַנען דערשינען אין גרויסע טיראַזשן. געווען טעקסטביכער פֿאַר ייִדישע קינדערשולן וואָס זײַנען דערשינען אין 50.000 עקזעמפּלאַרן און מערער. סוף 1940 איז נאָך גע־ווען לויט יעקב לעשטשינסקי אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד 30.000 ייִדישע קינדער אין שולן מיט ייִדישער אונטערריכט־שפּראַך.

אין 1948 איז געשען דאָס גרויסע אומגליק. די פּעטליע אַרום דעם האַלדז פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור האָט זיך פֿאַרצויגן וואָס ענגער און דאָס ייִדישע וואָרט איז דאָרטן לגמרי דערשטיקט געוואָרן. אַ טיפֿער סוד האָט אַרומגעכאַפּט דאָס געשעענע. געהיימעניש, פּחד, שרעק און אומגעהײַערע ידיעות:

— איז דאָס מעגלעך? גאַנצע דרײַסיק יאָר איז געגאַנגען די סאָוועטיש־ייִדישע ליטעראַטור אין שפּאַן פֿון דער רעוואָלו־ציע, זי האָט אַלע קאַפּריזן פֿון דעם „מידת־הדין" פֿון דער רעוואָלוציע אויפֿגענומען מיט חדווה, זי האָט דאָס בעסטע פֿון זיך, סײַ אין מענטשן און סײַ אין גײַסט, מקריבֿ געווען פֿאַר דעם ווויל פֿון דער סאָוועטישער זאַך און דאָ, מיט אַ מאָל — נאָכן חורבן פֿון אַ דריטל פֿון אונדזער פֿאָלק — אַ נײַער גזר, אַ גזר פֿון שטומקייט אויפֿן ייִדישן לשון, אַרעסט פֿון דעם גאַנצן שעפֿערישן אַקטיוו פֿון דעם ייִדישן לעבן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. זאָל אויך דאָס סאָוועטישע הימלאַנד צולייגן אַ האַנט צו דעם פֿיזישן און גײַסטיקן אומקום פֿון די רעשטלעך לעבן־געבליבענע אין מזרח־אייראָפּע?

די ייִדישע ייִשובֿים אין גאָר דער וועלט האָבן אַ ציטער געטאָן. אַזוי פֿיל האָפֿענונג געלייגט אויף דער שארית־הפליטה פֿון דעם רוסישן ייִדנטום. זיי האָבן עס באַדאַרפֿט איבערגע־מען די גײַסטיקע ירושה פֿון דעם פּוילישן, ליטווישן, רומע־נישן ייִדנטום און זיי ווײַטער ממשיך צו זײַן, — און מיט אַ מאָל אַזאַ אומגליק. צו כּרת־פֿאַרשניטענע יאָרן איז פֿאַרמשפּט געוואָרן דאָס ייִדישע לעבן אין ראַטנלאַנד: מען האָט אויסגע־שניטן די ייִדישע צונג — די ייִדישע שולן געשלאָסן, די טעאַ־טערס פֿאַרמאַכט, די צײַטונגען ליקווידירט, די ייִדישע דרו־קערײַען צעשטערט, די ייִדישע אותיות צעגאָסן אויף בלײַ, און מען אַנט נאָך גרוויליקערס!... מען אַנט אַז מען האָט אומגע־בראַכט די שעפֿערס פֿון ייִדישן וואָרט.

די ייִדישע וועלט אין די דעמאָקראַטישע לענדער האָט אויפֿגעשטורעמט. די ייִדישע פּרעסע האָט רעאַגירט, געשטעלט פֿראַגעס; פּראָטעסטירט; מען האָט געשיקט מעמאָראַנדומס צו סאָוועטישע אַמבאַסאַדעס, צו סאָוועטישע דעלעגאַציעס, צום אַלגעמיינעם רוסישן שרײַבער־פֿאַראיין — און נישטאָ קיין ענטפֿער.

חורבן און טרויער הערשט אין די געצעלטן פֿון דער ייִדי־שער ליטעראַטור. און נאָך גרעסער איז געוואָרן דער צער און ווייטאָג, ווען אין 1952 מיט 20 יאָר צוריק האָט מען זיך דער־וווּסט דעם ביטערן אמת: די גרעסטע צאָל ייִדישע שרײַבערס און קינסטלערס זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן און צווישן זיי אַזעלכע זײַלן פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור ווי דוד בערגעלסאָן, פּרץ מאַרקיש, דער נסתּר, לייב קוויטקאָ, דוד האָפֿשטיין, איציק פֿעפֿער אאַז״וו. אַלע פֿריִערדיקע חשבונות פֿון די שרײַבערס פֿון די דעמאָקראַטישע לענדער מכּוח אי־דעאָלאָגיע זײַנען פֿאַרשוווּנדן, אַלע טענות און חילוקי־דעות זײַנען פֿאַרשטומט געוואָרן: עס קלאָגט דאָס ייִדישע פֿאָלק, עס יאָמערט די כּנסת־ישׂראל און מער פֿון אַלעמען ווערט דער דאָזיקער בראָך און אומגליק אַרויסגעבראַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. די ייִדישע אותיות האָבן זיך אָנגעטאָן אין שוואַר־צן און באַווייגען דעם בראָך, וואָס האָט געטראָפֿן דעם ייִדישן שעפֿערישן ייִשובֿ אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. עס איז כּמעט ניטאָ קיין איין שעפֿערישער מענטש וואָס שרײַבט אויף ייִדיש, וואָס זאָל דורך ליד, דערציילונג, עסיי און נאָוועלע נישט אויסדריקן זײַן צער און ווײ אויף די גרויליקע וועגן פֿון דער רעוואָלוציע — אויף איר מידת־הדין וואָס האָט זי דערפֿירט אויף די סאָ־טאַנישע וועגן פֿון אַכזריות און גײַסטיקן גענאָסיד. הונדערטער שרײַבער האָבן אין דער לעצטער צײַט רעאַגירט אויף דעם דאָזיקן גרויליקן פֿאַרברעכן און צווישן זיי — די ווילכטיקסטע שרײַבערס און קינסטלערס פֿון אַלע ייִדישע ייִשובֿים. עס איז ניט שײַך אויסצורעכענען די נעמען פֿון די שרײַבערס און זייערע שאַפֿונגען, ווײַל די ביבליאָגראַפֿיע איז זייער אַ גרויסע. אָבער עס איז גענוג צו זאָגן, אַז די טעמע „רוסישע רעוואָלו־ציע״, אירע וועגן, אירע טרוימען, בלאָנדזשענישן און דעגע־נעראַציע איז ניט געווען עפּעס אַ ווײַטער עפּיזאָד פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור — שוין צוליב דעם, וואָס הונדערטער אַקטיווע שעפֿערישע ייִדישע מענטשן האָבן אויפֿגענומען די

באַפרײַערישע אידעע ווי אַ טייל פֿון זייער לעבן און זייער גייסטיקן זײַן, ווי אויך צוליב די האָפֿענונגען און טרוימען וואָס אַ גאָר אַ גרויסער טייל פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק האָט פֿאַרבונדן מיט דער דאָזיקער רעוואָלוציע.

נישט בלויז די דירעקטע אָנטייל־נעמער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, נאָר אויך די, וואָס האָבן געוווינט מחוץ דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד האָבן זיך מיט דער דאָזיקער טעמע שטאַרק פֿאַרנומען און אַ טייל פֿון גרעסערע ווערק וואָס זײַנען געשריבן געוואָרן וועגן די בלאָנדזשענישן און דער דעקאַדענץ פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע דאַרף מען דאָ יאָ דערמאָנען: ה. לייוויקס — צענדליקער לידער און פּאָעמען בראַש מיט די צוויי דראַמאַטישע פּאָעמעס דער גולם און די גאולה־קאָמעדיע, י.־י. זינגערס — חבר נחמן, מלך ראַוויטשעס — בלוט אויף דער פֿאָן, משה גראָסמאַנס — אין דעם פֿאַרכישופֿטן לאַנד פֿון דזשוגאַשווילי און דער ווידוי פֿון אַ רעוואָלוציאָנער, יוסף רובינשטיינס — מגילת רוסלאַנד, שמערקע קאַטשערגינסקיס — איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן, י. יאַנאַסאָוויטשעס — מיט די ייִדישע שרײַבערס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, מענדל מאַנס — מלחמה־טרילאָגיע און אַ סך אַנדערע גרעסערע און קלענערע פּאָעמעס, נאָוועלן, עסייען און לידער פֿון יעקבֿ גלאַטשטיין, אַ. לעיעלעס, ד״ר יעקב שאַצקי; ש. ניגער, י. אָפּאַטאָשו, חיים גראַדע, אַבֿרהם סוצקעווער, אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ און אַנדערע.

גאָר אַ גרויסע צאָל זײַנען די שאַפֿונגען, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט די לעצטע געשעענישן, וואָס רעאַגירן אויף דער געצווונגענער שטומקייט פֿונעם ייִדישן לשון און אומקום פֿון די ייִדישע שרײַבערס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, וויכטיקע שאַפֿונגען וואָס וואָלטן געדאַרפֿט צונויפֿגעזאַמלט ווערן אין אַ ספּעציעלער אַנטאָלאָגיע. צווישן די שאַפֿונגען פֿאַרנעמט אַ בכּבֿודיק אָרט דער ספּעציעלער באַנד זאַמלביכער נומער אַכט, רעדאַקטירט פֿון י. אָפּאַטאָשו און ה. לייוויק 1952.

**און לאָמיר פֿאַרענדיקן מיט אַ קליינעם ליד פון דעם סוב־טעלן און פֿײַנפֿילנדיקן דיכטער ה. לייוויק, וואָס דריקט אויס דעם צער און ווייטאָג פון אונדז אַלעמען:**

מאַרקיש און בערגעלסאָן — צער־ברידער מײַנע,
ווו איז דער חושך, וואָס האָט אײַך פֿאַרשלונגען?
טורמע? סיביר? צי אַ שטײַג אין אוקראַינע? —
שׂכר פֿאַר די אַדעס וואָס איר האָט געזונגען?

נסתּרס „משפחה" און „היימפרייד" פון פֿעפֿער,
מאַרקישעס „זיגליד" און בערגעלסאָנס „פענעק".
וואָס איז דער דאַנק פֿאַר אַנוסימשיז שעפֿער —
סקילה, צי שׂריפֿה, צי הרג, צי חנק?

ווער קאָן צו אײַך מיט אַ טרייסטוואָרט הײַנט קומען?
פֿרײַנד פון אַמאָל האָט איר איבערגעקליגלט, —
אײַערע הײַנטיקע וויסט־מויליק שטומען,
זיי האָבן שוין אײַער אומקום פֿאַרזיגלט.

יעדער פון זיי — אַ געווענט אײַך געטרײַער —
אונטער די נעגל אײַך נאָר וואָס געקראַכן,
בראָט הײַנט קאַרטאָפֿליעס אין אײַער בראַנדפֿײַער,
קעפּערט זײַן שטערן אויף אײַערע בראַכן.

שטיפֿברידער זײַנען מיר, אָבער דאָך ברידער, —
ווי, ווען מיר דאַרפֿן אין צער נאָר באַנײַען
נאָענטשאַפֿט און הערן אין פּײַן פון ירידה
ווידער און ווידער די מעשׂה פון קין.

**וואָס דאַרף זײַן דער רוף צו דעם צוואַנציקסטן יאָרצײַט פון די הײַנטיקע הרוגי־מלכות פון סאָוועטישן ייִדנטום בײַ דעם איצטיקן מאָמענט? עס איז ניט גענוג צו אָרגאַניזירן אין חודש אויגוסט ספּעציעלע פּראָטעסטן קעגן דעם דרויסנדיקן**

שונא וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן אונדז צו פאַרניכטן סיי פיזיש און סיי גייסטיק. עס איז אַפילו ניט גענוג איינצואָרדענען טרויעראַקטן און צו דערציילן לדורות די מגילה פון דעם גע־ראַנגל פון די ייִדישע גייסטמענטשן און שרייבערס, וואָס האָבן געוואָלט אויפהאַלטן אויף זייער אופן די סאָוועטישע ייִדיש־קייט.

די דעמאָקראַטיע, דער סאָציאַליזם און די אַנדערע אידעאָ־לאָגיעס פון דער דרויסנדיקער וועלט זיינען ווייט ניט גענוג פאַרן קיום פון ייִדישן פאָלק און במילא פאַרן פיזישן און גייס־טיקן לעבן.

מיר דאַרפן ביי יעדער געלעגנהייט קאָנטראָלירן די איי־גענע איצטיקע מעשים. דער דרויסנדיקער שונא קען אונדז ניט אויף אַזוי פיל שלעכטס טאָן אַליין, ווען מיר וועלן פאַר־געסן די טראַדיציעס און קולטורווערטן פון אונדזער גייסטיקן לעבן. דער לאָזונג דאַרף זיין איינצונעמען צוריק די ייִדישע היימען, די ייִדישע משפחה פאַר דעם ייִדישן לשון, פאַר די ייִדישע קולטור־טראַדיציעס, פאַרן ייִדישן יום־טוב און פאַר די ייִדישע געדענק־טעג. זאָל זיך ניט אָפּטאָן פון ייִדישן טיש דאָס ייִדישע בוך, דער העברעיִשער ספר און געניסן פון דעם, און אין שעפערישן גייסט וועלן ווייטער לעבן.

יעדער איינער פון אונדז — דער לערער, דער שרייבער, דער געזעלשאַפטלעכער טוער און דער פאָלקסמענטש זאָל זיך באַמיִען צו לעבן אַ גאַנץ ייִדיש לעבן, סיי אין דער וואָכן און סיי אין שבת און יום־טוב, און דער עיקר — זאָלן טאַטעס, קינדער און אייניקלעך האָבן אַ בשותפישע שפּראַך. לאָמיר זיין אַ ייִד אין געצעלט — וועלן מיר במילא זיין אַ געזונ־טער מענטש סיי לגבי דעם דרויסן און סיי לגבי זיך אַליין. אויב מיר וועלן אַרויסגיין פון דער הייַנטיקער מסיבה מיט



אַהרן קושניראָוו

1949 - 1891

דעם דאָזיקן באַוווסטזײַן, וועלן מיר זוכה זײַן פֿאַר דעם ייִדישן הײַנט און פֿאַר דעם ייִדישן מאָרגן און במילא וועלן מיר האָבן די אמתע פֿרייד פֿון ייִדישער גײַסטיקייט און גאַנצ־קייט פֿון דער ייִדישער משפּחה און פֿאַר די ייִדישע תּפוצות און בתוכם אויך פֿאַר מדינת־ישׂראל.